י. ל. פּרץ פאַר דער שול

# הכנסת כלה

# מקובלים

רעדאַקטירט פאַר דער יוגנט פון א קאָמיסיע לערער
ביים צענטראַלן-בילדונגס-קאָמיטעט אין ווילנע



ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין :: 1922

# I. הכנסת־כלה
# II. מקובלים

רעדאקטירט פאַר דער יוגנט פון
אַ קאָמיסיע לערער ביים צענטראַלן־
בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע



ווילנע—1922

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין.

# הכנסת־כלה.

ר׳ עוזר האָפּענדשטאַנד איז, קיין עין־הרע, אַ ייד — אַ גביר; אפשר אַמיליאָנער; ער האָט שוין עפּעס צו זאָגן אויף דער וועלט, אויף יענער — אַוודאי!

אָט, זיצט ער ביים טיש, ביים „וואַרימעס״.

אַ טיש — וועער מיט גוטס גינט! די סעודה הויבט זיך אָן מיט הערינג, קילקעס, סאַרדינען...

זילבער — ווי האָלץ! עס בלאַנקט אויפן טיש, אינם אָפּענעם קרעדענץ; אַרום אויף די ווענט הענגען אַצען זילבערנע טאַצן, וואָס קענען שוין אין קרעדענץ ניט אַריין. פון איבער דעם שאַנק בליצט אַראָפּ אַ גרויסער חנוכה־לאָמפּ מיט אויסגעשניצטע בלומענ־רערן, און איןביידע זייטן שטייען, ווי אויף דער וואַך, צוויי אומגעהייערע שבתניקעס.

ער אַליין, ר׳ עוזר, איז אַ קליין, דאַר יידל און ווערט אינ־גאַנצן פאַרלוירן אינם גרויסן, מיט רויטן סאַמעט אויסגעבעטן פאָ־טערשטול. קוים איבער דעם אָנלען גלאַנצט דאָס גרין־סאַמעטענע הויך, ברייט און שטייף אויפגעשטעלטע היטל, די פאָרם איז זיין אייגענע ערפינדונג! דערמיט וועט ער איבערגיין אין דער חסידי־שער מויל־געשיכטע איש מפּי איש אויף אייביק!

עסן עסט ער שווייגנדיק, מיט ערנסט־איינגעצויגענע שטערן און ברעמען, אָן אַ בליק פאַר די ביזיצער.

און דער לאַנגער טיש איז באַזעצט. רעכטס — אַ שורה נקבות, דאָס ווייב, צוויי טעכטער, אַ שנור מיט דריי אייניקלאַך; אין דער לינקער האַנט — מאַנספּערזאָנען: צוויי זין, איין איידים און זייערע דריי חדר־יינגלאַך.

דאָס ווייב זיינס טראָגט אַן אויסגעשטיקט האָר־באַנד אונטער אַ טיפע קאָפּקע, מיט פלאַטערדיקע ברייטע פלאַמענדיק רויטע בענדער, — די טעכטער טראָגן שייטלען, די שנור האָט שוין דער־גרייכט צו פריזירטע „קרעפּינקעס״.

די מיידלאַך דאַרפן זיך די האָר ניט פאַרשטעלן. די „גרזיוווקעס״ יאָגן זיך פריי אַרום איבער די שמאָלע שטערן.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, איז נאָך אויבנאָן ר׳ עוזרס מו־טער געזעסן! אַ יידענע אין אַ שטערנטיכל, אַראָפּגעהאָנגענע אוי־רינגלאַך און אַ ברוסטטיכל מיט אַן אויבל, — איז זי שוין אויפן עולם אמת...

די מענער טראָגן זיך אויך פאַרשיידן. ר׳ עוזר אַליין זיצט אין זיין חסידישן „צילינדער״. דער זון—אין אַ ש פּ י צ י ק ע, די איידימס—אין פלאַכע, קאַנטיקע יאַרמולקעס. די חדר־יינגלאַך טראָגן שון „קאַשקעטלאַך״, אויף וועלכע ר׳ עוזר וואַרפט אַלעמאָל אַ בייז אויג; דער היטלמאַכער האָט פאַרשמעלט און פאַרקירצט די פּאָרם!

יענע וואָך איז נאָך דאָ געזעסן אַ מלמד אין אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקעס; האָט מען אים ערגעץ אויפגענומען פאַר אַ רב אין אַ שטעטל, דאַרף ערשט ר׳ עוזר פאָרן צום רבין פרעגן אויף אַ נייעם מלמד. גלאַט אַזוי לאָזט ער ניט אין שטוב אַריין!

„היינטיקע צייטן״, טראַכט ער, און זיפצט.

ער קוקט אַרום און זעט, ווי די צייט רייסט אַלע מינוט אָפּ אַ שטיין פון דער מויער, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי קונציק אַרומגעבויט, אָפּצוטיילן זיך פון דער אַפּיקורסישער גרויסער וועלט, צו וועלכער ער געהערט לויטן פאַרמעגן. זי, די נייע צייט, גנבעט זיך אַריין ווי אַ וואַסער אין זיין אַלטער תיבה, אין וועלכער ער האָט געוואָלט איבערשווימען דאָס „דייטשע מבול״, אַז קיינער פון זיין משפחה זאָל זיך אַפילו קיין פוס ניט איינגעצן! אָבער ע[illegible] גייט ניט!

איין אייניקל אַ מיידל — האָט מען נאָר געלערנט אַ ביס[illegible] שרייבן, האָט מען זי שוין געכאַפּט לעזן אַ ראָמאַן; אַ שנור האָ[illegible] זי פאַרמסרט, מן הסתם איז „ראָמאַנען״ ניט קיין גוטס.

אין צווייטן אייניקל—אַ יינגל—איז פלוצלונג אַריין אַ דיבוק—ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: אין שקאָלע אַריין. עס האָט ניט געהאָלפן קיין ריידן, קיין בעטן, קיין חלשן, קיין שלאָגן אַפילו...
מען האָט אים קוים איינגענומען מיט אַ גאָלדן זייגערל!

ער ציט איין נאָך פעסטער די ברעמען — ער זעט בחוש, מיט זיינע אויסגעוויינטע, אַלטע אויגן, מיט וועלכע ער האָט אַזוי-פיל תהלים געזאָגט, אַזויפיל געלט געציילט און אַזויפיל וועלט געזען, אַז די צייט האָט קיין רחמנות ניט, אַז זי ווישט און ווישט אָפּ דאָס אַלטע, דאָס פאַרשימלטע, דאָס הייליקע!

---

עס עפנט זיך די טיר.

עס קומט אַריין אַן איבערגעבייגענער ייד מיט אַ ווייסער צעפלאָשעטער באָרד, וואָס פלאָנטעט זיך צוזאַמען מיט די פעדים פון דער אַלטער אָפּגעריבענער קאַפּאָטע, אַבלייך פנים אונטער אַן אויסגעפּעצט היטל.

דער דלות אַליין איז אַריינגעקומען —

— שלום עליכם, מענדל,—רופט צו אים דער מיליאָנער.

— עליכם שלום, עוזר,—ענטפערט מענדל-דלות.

ער גייט צו צום טיש, דער באַלעבאָס וויקלט זיך אַרום די האַנט אין אַ סערוועט און דערלאַנגט אים „שלום-עליכם".

דאָס אייגענע טוען די איידימס, די אייניקלאַך, איינס נאָך פאַרקרימט זיך. —

מען זאָל אים נאָך אַ ברעלאָק קויפן צום זייגערל, וואָלט ער זיך אפשר ניט פאַרקרימט אויך.

מענדל אָבער באַמערקט עס ניט, און שמייכלט:

— עפּעס האָסטו, עוזר, צו פיל ווייבער ביים טיש!

— סאַמע אייגענע! ענטפערט עוזר ערנסט און מיט אַ זיפץ אין האַרצן איז ער מסופק, אויב אַ שנור איז אַן אייגענע

— ווייסטו וואָס, עוזר, מאַכט ווייטער מענדל, איך וועל נעמען אַ טרונק בראָנפן.

— נו!

— נו, שקצימלאַך, לאָזט!

און דער „דלות״ רוקט זיך אַריין צווישן צוויי אייניקלאַך־שטולן און נעמט אַ ביסל בראָנפן.

— און פאַרבייסן? פרעגט ער, אויפהייבנדיק די פייכטע אויגן צו דער באַלעבאָסטע.

עוזר גיט אַ וואָרף אַן אויג, שוין מיט אַ גרימצאָרן, אויף דער גאַנצער שורה ווייבער: וואָס איז, זיי זעען ניט, אַז ען דאַרף צו פאַרבייסן?

דאָס ווייב פאַרשטייט דעם ווינק, עס גלוסט איר דאָך, אַפנים, ניט אויפצוהויבן —

— כאַפּט אַ שטיקל פּאָלקע! — מאַכט זי.

— אָבער גאָר לא — ענטפערט מענדל, צו דעם וועל איך זיך ערשט וואַשן, כּרבעי! דערווייל—לעקאַך, לעקאַך קומט מיר.

— זאָג נאָר, שרה—פרעגט ער איבער די באַלעבאָסטע — האָסט דען גאָרניט חתונה געמאַכט איבער דער צייט, האַ?

איינע פון די מיידלאַך פאַרקרימט זיך און טראָגט דאָך צו אַ שטיקל לעקאַך פון קרעדענץ.

מענדל־דלות טרינקט לחיים און פאַרבייסט.

— צונד, גיי איך מיך וואַשן.

ער קוקט זיך אום, זוכט אָפּ דאָס האַנטפאַס, און גייט צו.

אַ דינסט טראָגט דערווייל אַריין אַ קאָכעדיקע וואַזע.

עוזר שיקט ווייטער צום ווייב אַ צאָרנדיקן בליק.

— טראָג דערווייל צוריק! קאָמאַנדירט דאָס ווייב, געקומען אַ גאַסט.

די דינסט וואַרפט אַ קרום אויג אויפן דלות, און גייט צוריק.

---

נאָכן עסן און נאָכן בענטשן מזומן, האָט מענדל־דלות אַרויסגעיאָגט די ווייבער פון שטוב מיטן בייסנדיקן רויך פון זיין ליולקע־ציבעק. ער שמייכלט פאַרגעניגט און קוקט זיך אום און דערזעט וואָס ער זוכט—די קאַנאַפּע. דער קאָפּ איז אים שווער־לאַך; שוין לאַנג אַזאַ שווערן מאָגן ניט געהאַט. ער הייבט זיך שווער אויף פון שטול, וואַקלט זיך צו און ציט זיך אויס אויף דער קאַנאַפּע.

עוזר פרעגט:

— ווילכט אַ ביסל שלאָפן?

— יאָ, איך וועל דערנאָך מיט דיר ריידן. ער גענעצט אָפּ און גיט צו: איך וועל, אם ירצה-השם, ביי דיר זיין אַ פּאָר טאָגּנו, שלאָף—מאַכט עוזר אַרויסגייענדיק; די רעשט בני-בית גייט אים נאָך.

---

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז עוזר צוריקגעקומען און געטראָפן שוין מענדלען ליגן מיט אָפענע אויגן.

— נו, וואָס מאַכסטו, מענדל? פרעגט ער אים און זעצט זיך אים צוקאָפּנס אויף אַ שטול.

— אַזוי, ענטפערט מענדל, האָסט ניט אַ גלאָז טיי?

עוזר קלינגט און באַשטעלט ביים ווייב, וואָס ווייזט זיך אין טיר, דעם סאַמאָוואַר.

מענדל גענעצט.

— וואָס טוסטו, אומגנטלאַך, דאָ? פרעגט דער גביר.

— וואָס איך טו דאָ, ווילסטו וויסן? חזרט מענדל-דלוח איבער די שאלה—כ'מאַך חתונה! —

— דיין שמערלען?

— ניין, כ'האָב נאָך אַן עלטערע טאָכטער...

— אַזוי?

— ווי דען...

— נו?

— נו נו! דאַרף מען... פאַרשטייסטו, נדן...

— ביי מיר האָסטו שוין אַ פינף און צוואַנציקער!

מענדל זעצט זיך אויף:

— איך לאַך אויס דיין טאַטן!

— וויפיל דען מיינסטו?...

— וויפיל איך מיין? איך דאַרף פינף הונדערט רובל!

— פינף הונדערט רובל? וואונדערט זיך דער מיליאָנער

— כ'האָב צוגעזאָגט!

— נו? און אַז מען זאָגט צו?

— שוטה! דאָס האָב איך שוין ביים צוזאָגן געמיינט, מאַכט זיך אָבער אַ מעשה... הער, וואָס עס קען זיך טרעפן! מיין טאָכטער ווערט... עפּעס ניט בקו הבריאה... נאַ דיר אַ שמעק טאַ־באַק פאַרן גאַנצן עסק... ווייס איך וואָס! נאָר—דו קענסט דאָך מאָטע שייגעץ? — איך האָב מיך מיט'ן צעווערטלט — זענ'מיר בוררים געוועזן—גייט ער, ימח־שמו, און שרייבט צום מחותן...

— וואָס רעדסטו? פאַרקרימט זיך ר' עוזר?

— אַזוי ווי דו הערסט!

— טאַקע אַ פּושע ישראל!

— פאָר איך טאַקע אַצינד צום רבין — אַ פּסק וועט ער שוין האָבן... אָבער אָפּגעטאָן האָט ער, און ווייסט וואָס ער האָט, ימח-שמו, געשריבן? „חולי נופל" האָט ער געשריבן! מיר מעג־סטו גלויבן—געוואָרפן האָט זי זיך אינגאַנצן איינמאָל, אפשר צוויי מאָל, מער, בהן צדקי, ניט!

מענדל רוט זיך אָפּ און פּיקט אַ ביסל פון דער קאַלטער לולקע.

— נאַ דיר אַ ציגאַר, מאַכט דער גביר.

מענדל נעמט, פאַררויכערט און גיט-צו:

— און אַצינד, פאַרשטייסטו מיך, זאָגט דער מהותן, אַז ער וויל דאָס גאַנצע געלט.

— ס'אַ העזה פון אים! בייזערט זיך דער גביר.

— אַוודאי! דער כלב, כמובן, וויל אָפּלאָזן דעם שידוך! וויל ער נאָך מיינער פּטור ווערן אָן חצי-נדן-קנס!

— קיין נאַר ניט! שפּאַסט דער גביר.

— איך הער אים, ווי די קאַץ! נאָר פאַרשטופּן דעם טרפהנעם פּיסק מוז איך. דאַרף איך טאַקע די גאַנצע פינף הונ־דערט קאַרבוינעס!

— און פאַרוואָס נ אָ ר ב יי מ י ר?

— חוץ מזה—פּירט מענדל-דלות ווייטער זיין זאַך—דאַרף מען חתונה-הוצאות, ווי דער סדר עולם איז... חתונה־קליידער האָב איך שוין.

— און אַלץ איך? — פרעגט נאָכאַמאָל ר׳ עוזר ניט זײַ־
ער צופרידן—פאַרוואָס גייסטו ניט צו בערלען, צו חיימען?...
דלות ווערט בייז:

— כ׳בעט דיר זייער, וואָס ווילסטו פון מײַן לעבן האָבן?
איך האָב כּוח צו אייערע שטיינערנע גאַסן, צו אייערע טרעפּ?
איך זאָל אויף דער עלטער קלינגען אונטער די טירן!
ער שטעלט זיך אויף:

— מענטשן—שפּריצט ער מיט אַ כּעס—וואוינען אין גאַסן,
וואָס זיינען לאַנג ווי דאָס גלות... מער טרעפּ ווי הויז... און איך
לייד אויף אַסטמאַ, זאָל איך גיין! גיי דו! גענוג אומגעגאַנגען...
מיין דאגה?! אַז איך האָב געהאַט, האָב איך געגעבן!
עוזר שווייגט, און מענדל זעצט זיך צוריק.

— און וואו איז דיין טיי? פרעגט ער אומגעדולדיק.
עוזר קלינגט נאָכאַמאָל און פון דער צווייטער שטוב הערט
זיך דעם ווייבס תּשובה, אַז עס ווערט באַלד זיין.
מענדל גענעצט ווייטער.

— איך מיין באמת — מאַכט ווייטער עוזר — פאַרלאַנגסטו,
איך זאָל אינגאַנצן געבן! דאַרפסט דאָך האָבן „יהדות״!
— חס ושלום — ענטפערט מענדל — נעם וואו דו ווילסט,
נאָר איך גיין קאָן ניט! איך קאָן ניט!

— בין איך שולדיק?
— הער, עוזר! איך דאַרף 500 רובל נדן און אַ 50 רובל
חתונה־הוצאות, אַ ביסל חתונה־קליידער, ווי געזאָגט, האָב איך...
מיט דער רעשט וועל איך אים שוין אָנפייפן דעם אַלטן תּרח...
איז בסך־הכל — 550 רובל... פון דעם טאָר שוין קיין דרייער ניט
פעלן!

עוזר שאָקלט מיטן קאָפּ; ער איז כּמעט מודה: אָבער...
— און דערויף—לאָזט אים מענדל צום וואָרט ניט קומען—
האָב איך דאָס!
ער וואַרפט אַרויס פון בוזים אויף עוזרס שויס אַ פאַרפעצט
לייוונטן בייטעלע.

— צייל, מאַכט ער.

עוזר נעמט זיך צום בייטל, קראַצט אַרויס אַ פּעקל פּאַר־קנוילטע באַנקאָצעטלען און ציילט אויס 164 רובל.

— איך האָב פאַרקויפט — פאַרטייטשט אים מענדל — די שטוב מיינע, האָב איך דאָס געלט!

עוזר פּאַקט צוריק דאָס געלט אין בייטל אַריין און וויל עס צוריקגעבן מענדלען.

— ניין — ווערט זיך מענדל אָפּ — איך האָב געשוואָלענע פיס... גיין וועל איך ניט... דאָס געלט האַלט שוין ביי דיר.. איך האָב ביי דיר 550 רובל! און צייט גיב איך דיר. איך וועל דאָ זיין עטלאַכע טעג, וועסט האָבן גענוג צייט! אגב — וועל איך מיר ביי דיר אַ ביסל אָפּרוען און אָנעסן זיך — פאַרשטייסט! הכלל — צייט האָסטו גענוג!... פאַרן אַוועקפאָרן וועסטו מיר געבן דיינס אַ שלישית אויף 500 רובל, 50 רובל מזומן אויף חתונה-הוצאור און אַ פינפער רובל צו פאָרן קיין גער.—נעמען מעגסטו ביי וועמע דו ווילסט... ניט מיין דאגה!

— נו! ברומט עוזר —

— און אין גער—מאַכט מענדל—וועל איך שוין בלייבן.. ווען זיך מיר גלוסטן, וועל איך אַמאָל אַריינפאַלן צו דיר אויף אַ פּאָר וואָכן.

— נו! ברומט ווייטער ר׳ עוזר.

— שלאָפן—מאַכט מענדל — וועל איך טאַקע, אויב איך יועל קומען, דאָ, אויף דער קאַנאַפּע, אַ וואוילע קאַנאַפּע...

---

# מקובלים.

אין די שלעכטע צייטן פאַלט אָפילו תּורה — די בעסטע סחורה — אויך.

פון דער לאַשציווער ישיבה איז מער ניט געבליבן נאָר דער ראש־ישיבה — ר׳ יעקל — מיט איין איינציקן תּלמיד.

דער ראש־ישיבה איז אַן אַלטער דאַרער ייד, מיט אַ לאַנגער צעשויבערטער באָרד, מיט אַלטע, אויסגעלאָשענע אויגן; למך, זיין געליבטער תּלמיד, איז אַ יונגערמאַן, אויך אַ דאַרער, אַ הויכער, אַ בלאַסער מיט שוואַרצע געקרייזלטע פאות, ברענענדיקע, שוואַרצע, אונטערגעשלאָגענע אויגן, פאַרברענטע ליפּן, און אַ ציטעריקן שפּיציקן גאָרגל; ביידע — מיט „אויפגעכראַשעטע״ הערצער, אָן העמדער, ביידע אין לאַכעס; דער ראש־ישיבה שלעפּט קוים נאָך אַ פּאָר פויערישע שטיוול, דעם תּלמיד אָן זאָקן פאַלן די שוסטער־שיך אַראָפּ פון די פיס. —

דאָס איז געבליבן פון דער באַרימטער ישיבה!

דאָס פאַראָרימטע שטעטל האָט אַלע מאָל ווייניקער געשיקט עסן, געגעבן טעג; זיינען זיך די אָרים־בחורים צעקראָכן! ר׳ יעקל אָבער וויל שוין דאָ שטאַרבן, און זיין תּלמיד — לייגן אים די שערבלאַך אויף די אויגן.

און זיי ביידע ליידן אויך אַמאָל הונגער. פון ווייניק עסן קומט ווייניק שלאָפן, פון גאַנצע נעכט ניט שלאָפן און ניט עסן — אַ חשק צו קבלה!

ממה נפשך — דאַרף מען אויף זיין גאַנצע נעכט און הונגערן גאַנצע טעג, — לאָז מען כאָטש דערפון אַ נוצן האָבן, זאָל כאָטש זיין: תּעניתים מיט סיגופים, זאָלן זיך כאָטש עפענען אַלע טויערן פון דער וועלט מיט סודות, רוחות און מלאכים!

און זיי לערנען שוין קבלה אַ צייט!

צונד זיצן זיי ביים לאַנגן טיש, איינע אַליין. ביי יעדן איז צונד נאָך מיטאָג, ביי זיי איז נאָך פאַר פרישטיק. זיי זיינען דאָך געוויינט דערצו. — דער ראש־ישיבה פאַרגלייסט די אויגן און רעדט; דער תלמיד זיצט אונטערגעשפּאַרט אויףביידע הענט מיטן קאָפּ און הערט —

— אין דעם זיינען דאָ — זאָגט דער ראש־ישיבה — אַ סך בחינות: איינער קען אַ שטיקל, איינער אַ האַלבן, איינער אַ גאַנצן ניגון. — דער רבי, ז״ל, האָט געקענט אַ גאַנצן ניגון, אפילו מיט אַ צושפּיל! — איך (האָט ער צוגעגעבן טרויעריק) האָב קוים די זכיה צו אַ פּיצעלע, אָט אַזוי גרויס...

ער האָט אָפּגעמאָסטן אַ פּיצל פון דאַרן פינגער און האָט ווייטער געצויגן:

— עס איז פאַראַנען אַ ניגון, וואָס מוז האָבן ווערטער... דאָס איז גאָר אַ נידעריקע בחינה... עס איז פאַראַנען אַ העכערע בחינה... אַ ניגון, וואָס זינגט זיך אַליין, גאָר אָן ווערטער — אַ ריינער ניגון! נאָר דער ניגון דאַרף נאָך האָבן אַ קול... און ליפּן, דורך וועלכע דאָס גייט אַרויס! און ליפּן — פאַרשטייסטו — זיינען דאָך גשמיות! און דאָס קול אַפילו, עס איז אַן איידעלער גשמיות, גשמיות איז עס!

לאָז זיין, אַז דאָס קול שטייט אויף דער גרעניץ צווישן רוחניות און גשמיות!

נאָר סיי ווי סיי דער ניגון, וואָס הערט זיך מיט אַ קול, וואָס הענגט אָפּ פון די ליפּן, איז נאָך נישט ריין, נאָך נישט אינגאַנצן ריין... נאָך ניט קיין אמתער רוחניות!...

דער אמתער ניגון אָבער זינגט זיך גאָר אָן אַ קול... עס זינגט זיך אינעווייניק, אין האַרץ, אין די געדערים!

אָט דאָס איז דער סוד פון דוד המלכס ווערטער: „כל עצמותי תאמרנה״... אינם מאַרך פון די ביינער דאַרף זינגען, דאָרט דאַרף זיין דער ניגון — דער העכסטער שבח פאַר גאָט ברוך הוא! דאָס איז ניט דער ניגון פון אַ בשר ודם, דאָס איז קיין אויסגע־טראַכטער ניגון! דאָס איז שוין אַ חלק פון ניגון, מיט וועלכן גאָט

האָט די וועלט באַשאַפן, פון דער נשמה, וואָס ער האָט אַריינגעגאָסן אין איר...

און אַזוי זינגט די פמליא של מעלה! אַזוי האָט געזונגען דער „ייד", זכרונו לברכה!

דעם לימוד האָט איבערגעהאַקט אַ צעשויבערטער יונג מיט אַ שטריק אַרום די לענדען — אַ טרעגער. ער איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש, אַנידערגעשטעלט אַ שיסל גריץ מיט אַ שטיקל ברויט אויפן טיש לעבן ראש־ישיבה, און מיט אַ גראָב קול געזאָגט: „ר' טעבל שיקט דעם ראש־ישיבה עסן!" און האָט זיך איבערגעדרייט, און, אַרויסגייענדיק, צוגעגעבן: „שפּעטער וועל איך קומען באַך דער שיסל!"

אַרויס, דורך דעם גראָבן טרעגער־קול, פון דער געטלאַכער האַרמאָניע, האָט זיך דער ראש־ישיבה שווער אויפגעהויבן און איז, נאָכשלעפּנדיק די גרויסע שטיוול, צוגעגאַנגען צום כּיור זיך וואַשן.

גייענדיק, האָט ער ווייטער געזעדט, נאָר מיט ווייניקער התלהבות, און דער תּלמיד האָט אים פון זיין אָרט נאָכגעיאָגט מיט די אויפגעשפּיצטע אויערן און ברענענדיקע פאַרחלומטע אויגן.

נאָר — זאָגט ווייטער ר' יעקל מיט אַ טרויעריקער שטימע — איך האָב אַפילו די זכיה נישט משיג צו זיין, אין וואָס פאַר אַ בחינה דאָס איז! אין וועלכן -שער דאָס קומט! זעסטו, — גיט ער שוין צו מיט אַ שמייכל, — די סיגופים מיט די צרופים, וואָס מען דאַרף דערצו, די ווייס איך, און איך וועל זיי דיר נאָך אפשר היינט איבערגעבן!

דעם תּלמיד קריכן שיר די אויגן אויס; ער האַלט אָפּן דאָס מויל צו כאַפּן יעדעס וואָרט; נאָר דער רבי האַקט אָפּ, ער וואַשט זיך, ווישט זיך די הענט, זאָגט „שאו ידיכם". גייט צוריק צום טיש און מאַכט, מיט ציטעריקע ליפּן, די „המוציא"...

מיט ציטעריקע דאַרע הענט הייבט ער אונטער די שיסל. די פאַרע פאַרדעקט אים מיט אַ וואַרימען דונסט דאָס בייניקע פּנים; דערנאָך שטעלט ער זי צוריק, נעמט דעם לעפל אין דער רעכטער האַנט, און וואַרימט די לינקע האַנט אין ראַנד פון שיסל. דערביי

צעקיועטשט ער מיט דער צונג אָן די גאָלע דזיאָנסלעס די רעשט „מוציא“ מיט זאַלץ.

אָנגעוואַרימט דאָס פּנים מיט די הענט, קנייטשט ער שטאַרק איין דעם שטערן, ציט צוזאַמען די בלאָנע-בלאָע דאַרע ליפּן, און הויבט אָן בלאָזן!

ביי דער גאַנצער צייט האָט פון אים דער תּלמיד קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. און, בשעת דעם רבינס ציטערדיק מויל איז אַקעגן געלאָפן דעם ערשטן לעפל גריץ, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט ביים האַרץ; ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיטביידע הענט און האָט זיך אינגאַנצן איינגעצויגן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַריינגעקומען נאָך אַ יונג מיט נאָך אַ שיסל גריץ מיט ברויט:

„ר׳ יוסף שיקט דעם תּלמיד אָנבייסן!“

נאָר דער תּלמיד האָט נישט אַוועקגענומען די הענט פון פּנים.

דער ראש-ישיבה האָט אַוועקגעלייקט דעם לעפל און איז צוגעגאַנגען צום תּלמיד. אַ ווילע האָט ער מיט שטאָלצער ליבע אויפ׳ן געקוקט, דערנאָך האָט ער איינגעהילט די האַנט אין דער פּאָלע און אָנגערירט אים דעם אַקסל.

— מען האָט דיר געבראַכט עסן, — וועקט ער אים מיט אַ פריינדלאַך קול. טרויעריק און לאַנגזאַם האָט דער תּלמיד אַוועקגענומען די הענט פון פּנים. און דאָס פּנים איז נאָך בלאַסער געווען, און די אונטערגעשלאָגענע אויגן האָבן נאָך ווילדער געברענט.

— איך ווייס, רבי! ענטפערט ער — נאָר איך וועל נישט עסן היינט!

— דער פערטער תּענית? — האָט דער ראש-ישיבה געפרעגט פאַרוואונדערט, —

— און אָן מיר? גיט ער צו מיט אַ פּרעטענסיע.

— עס איז אַן אַנדערער תּענית—ענטפערט דער תּלמיד, — עס איז אַ תּענית-תּשובה!

— וואָס רעדסטו? דו — און אַ תּענית-תּשובה?

— יאָ, רבי! אַ תענית־תשובה... אַ רגע פריער, ווען איר האָט אָנגעהויבן עסן, האָב איך געהאַט אַ הרהור... עובר צו זיין אויף לא־תחמוד!

---

אין דערזעלבער נאַכט, גאַנץ שפּעט, האָט דער תלמיד געוועקט דעם רבין. זיי זיינען ביידע געשלאָפן, זיך קעגנאיבער, אויף בענק אין קלויז.

— רבי — רבי! האָט ער גערופן מיט אַ שוואַך קול —

— וואָס איז? האָט זיך דער ראש־ישיבה אויפגעכאַפּט דער־שראָקן.

— איך בין צונד געוועזן אין דער הויכער מדרגה...

— ווי אַזוי? פרעגט דער ראש־ישיבה נאָך אַ ביסל פאַר־שלאָפן.

— עס האָט אין מיר געזונגען!

דער ראש־ישיבה האָט זיך אויפגעזעצט:

— ווי אַזוי, ווי אַזוי?

— איך ווייס אַליין נישט, רבי, — האָט דער תלמיד מיט נאָך אַ שוואַכערן קול געענטפערט, איך האָב נישט געקענט שלאָפן, האָב איך מיך פאַרטיפט אין אייער שמועס... איך האָב געוואָלט דווקא קענען דעם ניגון... און איך האָב פאַר גרויס צער, וואָס איך קען נישט דעם ניגון, אָנגעהויבן וויינען... עס האָט אין מיר אַלץ געוויינט; אַלע אברים האָבן געוויינט פאַרן רבונו של עולם!

דערביי האָב איך געמאַכט די צרופים, וואָס איר האָט מיר איבערגעגעבן... אַ וואונדערלאַכע זאַך: נישט מיטן מויל, נאָר עפּעס אינעווייניק... פון זיך אַליין! ראַפּטום איז מיר ליכטיק גע־וואָרן... איך האָב געהאַלטן צו די אויגן, און עס איז מיר געווען ליכטיק, זייער ליכטיק, זייער שטאַרק ליכטיק!...

— אָט! בייגט זיך צו דער ראש־ישיבה.

— דערנאָך איז מיר געוואָרן פון דעם ליכט אַזוי גוט, אַזוי לייכט... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועג גאָרנישט, אַז מיין גוף האָט די וואָג פאַרלאָרן, אַז איך קען פל....

— אָט! אָט!

— דערנאָך בין איך געוואָרן לוסטיק, לעבעדיק, לאַכנדיק. . דאָס פּנים האָט זיך מיר נישט געריהרט, די ליפּן אויך נישט, און איך האָב דאָך געלאַכט... און אַזוי גוט, אַזוי האַרציק, אַזוי נחתדיק געלאַכט!

— אָט! אָט! אָט! — מתּוך שמחה!

— דערנאָך האָט עפּעס אין מיר געבּרומט, ווי אַן אָנהייב פון אַ ניגון געבּרומט —

דער ראש ישיבה איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין באַנק און איז מיטאַמאָל געווען ביים תּלמיד:—

— נו — נו —

דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגעהויבן זינגען!

— וואָס האָסטו געפילט? וואָס? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפילט, אַז אַלע חושים זיינען מיר פאַרשטאָפּט און פאַרמאַכט, און עפּעס אינעווייניק זינגט... און אַזוי ווי מען דאַרף — גאָר אָן ווערטער, אָט אַזוי...

— ווי אַזוי? ווי אַזוי?!

— ניין, איך קען נישט... פריער האָב איך געוואוסט... דער־נאָך איז פונם זינגען געוואָרן... געוואָרן...

וואָס איז געוואָרן — וואָס?...

— אַ מין שפּילן.. גלייך, להבדיל, איך וואָלט אינעווייניק אין מיר אַ פידל געהאַט, אָדער גלייך יונה כּלי־זמר זאָל אין מיר זיצן און שפּילן זמירות, ווי ביים רבין צו טיש! נאָר עס האָט געשפּילט נאָך בעסער, נאָך איידעלער, מיט נאָך מער רוחניות! און אַלץ אָן אַ קול, אָן אַ שום קול — ס אַ מ ע רוחניות!...

— וואויל איז דיר! וואויל איז דיר! וואויל איז דיר!

צונד איז אַלץ אַוועק! — מאַכט טרויעריק דער תּלמיד, — עס האָבן זיך מיר צוריק געעפנט די חושים, און איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד, אַזוי— מי—ד...! אַז איך...

— רבּי — האָט ער ראַפּטום אַ געשריי געטאָן, זיך אָנכאַפּנ־דיק ביים האַרץ, — רבּי! זאָגט מיט מיר ווידוי! מען איז געקומען

נאָך מיר ! — עס האָט דאָרט אין פמליא של מעלה אַ זינגערל פאַר־
פעלט ! אַ מלאך מיט ווייסע פליגל !... רבי ! רבי ! שמע ישראל !
שמעעע... יש...

---

דאָס גאַנצע שטעטל ווי איין מענטש האָט זיך געוואונטשן
אַזאַ טויט, נאָר פאַרן ראש־ישיבה איז נאָך ווייניק.

נאָך אַ פּאָר תעניתים, — קרעכצט ער, — וואָלט ער שוין גע־
שטאָרבן „בנשיקה" !

---

## פאַרטײטשונגען פון די שווערע העברעאישע ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין דעם ווערק „הכנסת־כלה".

**הכנסת־כלה** (שטיצע אַן אָרעמער כלה צו איר חתונה)
**איש־מפי־איש** (פון איינעם צום צווייטן)
**עולם אמת** (יענע וועלט)
**תיבה** (קאסטן)
**כדבעי** (ווי געהעריק איז, ווי ס'באדארף צו זיין)
**בקו הבריאה** (אין א געזונטן צושטאנד)
**פושע ישראל** (א פארברעכער פון יידישן פאָלק)
**חולי־נופל** (די פאליקע קראנקייט)
**בהן צדקי** (אויף מיין ערנוואָרט)
**כמובן** (פארשטייט זיך)
**חצי־נדן־קנס** (האלב נדן שטראף)
**יהדות** (יידישקייט)
**שלישית** (א דריטל)

---

## פאַרטײטשונגען פון די שווערע העברעאישע ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין דעם ווערק „מקובלים".

מקובלים (די וואָס לערנען קבלה)

סיגופים (פייניגונגען)

ריוחות (גייסטער)

גשמיות (קערפערליך)

רוחניות (גייסטיגעס)

כל עצמותי תאמרנה (אלע מיינע ביינער זאָגן)

בשר ודם (פלייש און בלוט)

פמליא של מעלה דעם אייבערשטנס סוויטע

התלהבות (מיט היץ)

משיג זיין (דערגרייכן)

צרופים (באהעפטונגען)

תענית תשובה (מען פאַסט צוליב דעם וויל מען האָט געזינדיקט)

הרהור (א געדאנק)

לא תחמוד (זאָלסט ניט גלוסטן

אברים (גלידער)

מתוך שמחה (פון פרייד)

חושים (געפילן)

בנשיקה (מיט א קוש)

---

## ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין.

# י. ל. פרץ פאַר יוגנט,

אַ כרעסטאָמאַטיע פון י. ל. פרצ'ס ווערק

צוזאמענגעשטעלט פון צ. ב. ק. אין ווילנע

---

# „י. ל. פרץ פאַר דער שול",

אין באַזונדערע ביכלאַך:

1. פון מיינע זכרונות
2. קינדער
3. דער משולח
4. באָנציע שווייג
5. אויב נישט נאָך העכער
6. צווישן צוויי בערג
7. דער מלאך
8. דער אייביקער פרידן אין ערגעץ־לאַנד
9. מאָניש
10. אַ גלגול פון אַ ניגון
11. אַייזיקל שָחט
12. וואָס אַ מאָל — ווייניקער

און נאָך אַנדערע

---

ווילנער פאַרלאַג
פון
ב. א. קלעצקין

## אַלע ווערק פון י. ל. פרץ.

I באַנד פאָלקסטימלאַכע געשיכטן
II די צייט
III דראַמען
IV אדם וחוה, (אין 5 טייל)
V חסידיש
VI פאַר קליין און גרויס
VII סקיצן או בילדער
VIII איינפּוּאַצן און פעליעטאָנען
IX אַלט און נייַ
X פּון שטוב און גאַס
מיינע זכרונות

---

## שלום אַש.

מערי (ראָמאַן)
ר' שלמה נגיד
דראַמען, באַנד I, II, III,
דערציילונגען, באַנד IV, V,
אַ שטעטל
דאָס נייע לעבן

---

אדרעס:
Wydawnictwo Wileńskie B. KLECKINA,
Wilno, Mało-Stefańska 23.